Radom Piątek 14 Lutego 1930

ראדאם, פרייטאג ט"ו שבט תר"ץ

פרייז 25 גראשען.

Redakcja i Admistracja
Radom, Szwarlikowska 20.

Oddział w Kielcach.

# ראדאמער-קעלצער לעבען

אנאנסען פרייזו

איין מילימעטער שורה: פאר'ן טעקסט 40 גר.
" " " אין " 60 "
" " " נאכ'ן " 25 "

די ערשטע און לעצטע זייט ענטהאלטן 8 שפאלטן
אין טעקסט 6 .

Głęboko dotknięty wiadomością o przedwczesnym zgonie nieodżałowanego
**MECENASA**
**MARJANA ENDELMANA**
wyrazy serdecznego współczucia składa najbliższym
*Dr. Samuel Hertz* Wilno.

צו דער פערלאבונג פון מיין ברידערן-זוהן
ירחמיאל ראקאטש מיט פריל באליא בארענשטיין
וינש איך פיעל גליק און צופרידענהייט.
גיטמאן ראקאטש.

Z intencji zaręczyn p.
**Poli Berensztajnówny** z p. Rachmilem Rakoczem
życzę różowej przyszłości
*Izrael Katz.*

## „MITOL"

**Sensacyjny wynalazek.**

Wystarcza zwykłe szczotkowanie roztworem MITOLU, aby wyczyścić chemicznie i odnowić brudną garderobę — usunąć najuporczywsze plamy.
Cena 1-go pudełka zł. 1.50
Za nadesłaniem zł. 3 w znaczkach pocztowych wysyła się 2 pudełka MITOLU franko. Gwarancja: w razie niezadowolenia natychmiastowy zwrot pieniędzy.

Skład fabr. *L. Malinowski Radom, Nowy Świat 6.*

Dzielni przedstawiciele poszukiwani.

א הארציגען מז"ט ווינשען מיר אונזער פריינד
איטשע מיט דער פרוי פריידענרייך
צו דער פערלאבונג פון זייער טאכטער
פראניע מיט ה' נאטאן פריימאן אויס לובלין
דעם יונגען פארל ווינשען מיר א גליקליכע צוקונפט און אייביגע צופרידענהייט.
ישראל יצחק גאלדפארב עם פרוי

Pannie *Rózi Feinerównie*
i Panu *Abramowi Róziewiczowi*
z okazji ich zaślubin, składają serdeczne życzenia
Ela, Andzia i Beniek Bekerman.
Kielce — w Lutym.

Z okazji zaslubin panny **Sali Feldmanówny** z panem **Rubinem Weintraubem** szczęścia i zadowolenia na nowej drodze życia życzy **Frania Kurcówna** z narzeczonym.

## ביליגער חודש פון מענער העמדער

מעלדונג.
די בעקאנטע פירמע **P. RODAL, Kielce**
ארדענט איין פון 15-טען פעברואר ביז'ן 15 מערץ א „ביליגען חודש פון מענער העמדער". במשך פון די צייט וועט דאס ארטיקעל פערקויפט ווערען מיט 40% ביליגער ווי געוועהנליך. אויף לאגער 3000 העמדער צום אויסוואהל.
קומט און איבערצייגט אייך. ניצט אויס דאס געלעגענהייט!

## Biuro Próśb i Podań
## p. f. „PROLITEX"

RADOM, WAŁOWA 5, oficyna 1-sze piętro.

| ZAŁATWIA: | Redaguje Podania: |
|---|---|
| Sprawy paszportowe<br>Mieszkaniowe<br>Wszelkie Tłomaczenie<br>i inne. | Do Władz Sądowych<br>Skarbowych<br>Administracyjnych<br>i Wojskowych. |

Windykacja należności w całej Polsce.

**Informacje o zdolności kredytowej**

**Przepisywanie na maszynach.**

אכטונג! זונטאג פ' יתרו דעם 16/2 אכטונג!

ווערט — פארקומען די
# פאנטאזיע לאטעריע
לטובת די קינדער-ביבליאטעק פון „בית-יעקב"
צו וועלכער יעדער איינער וועט קענען קומען פון נ. מ. 5 — 11
ציהען די לאטעריע אין לאקאל פון „בית יעקב". וויטאלדע 8.
גלייכצייטיג דריקען מיר אויס דעם בעסטען דאנק די ראדאמער בעפעלקערונג פאר זייער גוטע בעציהונג צו די קינדער ביים זאמלען די פאנטען.

מיט אכטונג די פערוואלטונג
פון בית-יעקב-שולע אין ראדאם.

# ווער מיט וועמען עס קעמפפט.

## (צו דער יעצטיגער פערפּלאָנטערטער לאַגע אין גמינע).

נישטאָ היינט קיין איין פּענע אין שטאָט וואָס זאָל נאָמען אויף זיך די ראָל מלמד זכות צו זיין אויף דער היינטיגער ראַדאָמער גמינע. אויב פריהער האָבען זיך נאָך געפינען אייניגע וואָס האָבען, נכרי צונעמפען דעם ארון בפקודך מיט'ן אָנגעהאָנגענעם טיטול פּרנס — האָבען זיי זיך אויך לעצטענס אָבגעשאָקעלט פון דער מיסיע צו פערטיידיגען די גמינע. אפשר איז עס נישט דערפאַר, וואָס זיי, די לעצטע, האָבען ענדליך געעפענט די אויגען און זענען געוואָרען מעהר אויפריכטיגער, גאָר פּשוט דערפאַר, וואָס זיי האָבען מעהר קיין מוטה נישט און אויך צוליב דער כח צו בעקומען דעם נעהעריגען ענטפער, וואָס זאָל צוקלאַפּען זייערע „ארגומענטען" אויף שטויב. ס'איז ווייט נישט קיין בעקוועמע אויפגאַבע צו דרייען א ספאָדעק. אז די גמינע איז „גוט און וואויל". דאָס דאָזיגע גרופּקעלע וואָס האָט ביי יעדען טומעל און פּראָטעסט פון דער שטאָרט זיך בעוויזען פּאַטשענדיג בראַוואָ פאַר'ן קהל'שען געמויזעכץ, איז לעצטענס געוויסליך א.משוגען געוואָרען. ווי אין א ווינקעלע האָט עס זיך אריינגעשאַרט און שענה'ט יעצט: ווער, וואָס, ווען? מיר האָבען דאָך קיינמאָהל נישט געזאָגט אז די גמינע איז כשר וישר.

מיר ווילען יעצט נישט ארומרעדען די „בעריהמטע" ארבייט פון דער היינטיגער גמינע. וועגען דעם איז שוין איבעריג צו רעדען. די ה"ה פון היינטיגען גמינע-שטיבעל האָבען זיך אויסגעארבייט אזא רעקלאַמע. אז אפילו א קליין קינד, וואָס האָט נאָר עטוואָס שכל קאָן זיך אויף דעם אויסווייסען, אז די אותיות אויף אָט דער רעקלאַמע זענען אויסגעשריבען מיט נישט קיין רעכטע טינט.

ס'לוינט נישט צורעדען וועגען „גרויסען" רעדנקמאָהל, וואָס די גמינע לאָזט נאָך זיך איבער, אָנמערקענדיג פון דער קהל'שער פּלאַצובקע. מיר ווילען זיך דאָ נאָר אָבשטעלען אויף איין מאָמענט. וואָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש אין דעם גאַנצען קאַמפף. וואָס פיהרט זיך שוין העכער א יאָהר צייט אין גמינע. דאָס אינטערעסאַנטע אין גאַנצען גמינע-טומעל איז, וואָס דער גרעסטער כעס און אויפרעגונג, אזוי פון דער אָפּאָזיצי'ע אין גמינע-ומא מצד פרנסים און דאָס זעלבע פון דער שטאָט, ווערט אדרעסירט אויפ'ן לובלינער סעקרעטאַר רובינליכט, וועלכער ווערט ארויסגעשטעלט אַלס בעשולדיגטער צוזאַמען מיט נאָך עטליכע ה"ה פון גמינע.

ס'איז פּשוט נישט צו פערשטעהן, אז א בעאַמטער, וועלכער בעקומט שכר פאַר זיין אַרבייט זאָל אריינגעצויגען ווערען אין א קאַמפף, וואָס ברעכט אויס צווישען צדדים, וואָס זענען צוגלייך זיינע בעלי בתים און ארבייטס-געבער. ס'איז א דבר ידוע, אז א בעאַמטער אין נעגליכען צו א טעכנישען אינסטרומענט, וואָס האָט דעם ציעל איינצושטעלען אָרדנונג, פּינקטליכקייט און רעיעלקייט אין ביורא-אַפּאַראַט. דער בעאַמטער איז בלויז א טעכנישער אויספיהרער און רעאַליזאַטאָר, פון אַלע אָנחייזונגען, פּלענער און בעשלוסען, וואָס ווערען איהם דורך זיינע בעלי-בתים צוגעשטעלט. אפילו אין געזעלשאַפטליכע ביוראָ'ס און פּאַרלאַמענטאַרישע קאַנצעלאַריעס, ווען דאָרט קומען פאָר פּאָליטישע, אָדער געזעלשאַפטליכע קאָנפליקטען און רייבונגען, צווישען קלובען, אָדער גרופּירונגען, שטעהט שטענדיג דער בעאַמטער, און נאָך מעהר דער סעקרעטאַר, פון ווייטען אַלס שטימער עדות. וואָס אַבסערווירט פּאַסיוו דעם גאַנצען גאַנג פון די אויסערגעוועהנליכע געשעהענישען און ענטהאַלט נישט מיט קיין וואָרט אריינצוואַרפען זיין דעה. א פּשיטא שוין, אז ער איז געצוואונגען פאָרזיכטיג עמיצען אונטערצושטיצען אויף זיין אַמביציע און אַגיטירען יענעמ'ס קאַמפּס-לוסטיגקייט.

מ'וועט קיינמאָהל נישט הערען, אז עמיצער פון די זיך בעקעמפּפענדע צדדים אין א וועלכער ס'איז געזעלשאַפטליכע, אָדער פּאַרלאַמענטאַרישע מחלוקה, אז דער סעקרעטאַר, אָדער בעאַמטער זאָל האָבען אויסצושטעהן א פאָרוואורף. אז ער נעמט אַנ'אַנטייל אינ'ם געפיהרטען קאַמף, מכל-שכן, אז ער העצט און רופט ארויס אָט דעם קאַמפף. דער פּשוט'ער שכל פון יעדען מענשען דיקטירט איהם צו היטען זיין פּאָסטען, וואָס איז פאַר איהם א פּראָנע פון לעבען און עקזיסטענץ. מ'דאַרף דערצו נישט זיין קיין גרויס געשולטער דיפּלאָמאַט. אָבער וואָס איז פאָרט די מעשה, וואָס אין קאַמפף אין דער היגער גמינע ווערט אויף א בכבוד'יגען אָרט אוועקגעזעצט אויף דער בעשולדיגונג'ס-באַנק צוזאַמען מיט אַנדערע, אויך דער סעקרעטאַר? האָט מען דאָך בפירוש געהערט אויפ'ן גראַנדיעזען מאַסען-מיטינג אין „שוויט" ווי פרנסים זענען ארויסגעטרעטען מיט עפענטליכע בעשולדיגונגען געגען דעם גמינע-סעקרעטאַר, וועמען זיי האָבען פעראַנטוואָרטליך געמאַכט פאַר'ן יעצטיגען כאַאָס אין גמינע. האָבען דאָך די האַנדווערקער-פרנסים בפירוש ערקלערט דעם פּאָליציי-קאָמיסאַר יענעם זונטאָג, ווען זיי האָבען אויפגעפאָדערט די ה"ה ציטרין, ווינפרויב און ווייסמאַן, צו פערלאָזען די גמינע, אז אויב דער סעקרעטאַר רובינליכט וועט ווייטער בלייבען אַרבייטען זענען זיי נישט פעראַנטוואָרטליך פאַר די קאָנסעקווענצען מיט וואָס ערקלערט זיך פאָרט די אויסערגעוועהנליך-געגנערישע שטימונג פון גרויסען פעראַמצ"טען עולם אויפ'ן גאַס ארום דער גמינע דעם זעלבען זונטאָג, געגען דעם גמינע-סעקרעטאַר?

מיר מיט אונזער נישט-דיפּלאָמאַטישע חכמה קאָנען, אַלס תירוץ אויף דעם, ענטפערען מיט'ן בעקאַנטען שפּריכוואָרט: דער אַפּעטיט קומט מיט'ן עסען. לויט אונזער פּשוט'ען שכל נעמט עס זיך דערפון, וואָס די ה"ה תקיפים האָבען צופיעל טאָלערירט דעם דאָזיגען ה' גענעראַל און געפּיעשטשעט איהם ווי א בן-זקונים'ל. ווען מיר זענען ארויסגעטרעטען אין אונזער צייטונג נאָך מיט צוויי יאָהר צוריק געגען דעם דאָזיגען קעסט-קינד פון ראַדאָמער קהל, פאַר וואָס ער האָט פיזיש געליידיגט א געוויסען ראַדאָמער ב"ר ער גינזבורג, ווען יענער האָט געבעטען זיין עטאַט-שטייער צו צולייגען אויף אייניגע ראַטעס און דערצו איהם איינגעקלאַגט צום פּראָקוראָר פאַר שטערען די רוה אין קהלה-אַמט. ווען מיר האָבען אויפ'ן אויסדריקליכען פערלאַנג פון בעיעה-לה'טען רעאַגירט אויף דעם און בכלל געגען זיין אַרט בעהאַנדלען די אינטערעסענטען. האָט דער זעלבער ה' גענעראַל-סעקרעטאַר פערפיהרט א פּראָצעס געגען אונזער צייטונג, פערלאַנגענדיג פאַר'ן רעדאַקטאָר לכל הפחות האַלב עטליכע חדשים קרימינאַל. ער האָט מאָביליזירט די שרייב-מאַשינען פון גמינע און כסדר אָנגעקלאַפּט אָנקלאַגעס צום פּראָקוראָר און צום געריכט און די ה"ה תקיפים פון קהל-שטיבעל האָבען זיך פּשוט געשטאָלצט אין נחת, אָנקוקענדיג פון זייער נפלא ופלא'דיגען קענער פון לובלין, וואָס נאָכ'ן „גרויסען" זיעג אין רבנות-קאַמפף געהט ער זיך אָברעכנען מיט'ן רעדאַקטאָר, אָננעמענדיג זיך גלייכצייטיג פאַר זייער „קשיודע" וואָס די צייטונג האָט זיך ערלויבט אויך זייער טהעטיגקייט צו קריטיקירען. דאָס איז נאָך פאַר איהם ווייניג געווען. פעטש פאַרן עטאַט-צאָלער, און א פּראָצעס פאַרן רעדאַקטאָר, האָט ער נאָך נישט גענוג: געהאַט דער לובלינער „גאון", נאָר האָט אויסגעקלערט דערצו א שפּאָגעל נייעם פּלאַן. מיט וועלכען א סוף צו מאַכען צום צייטונג, וואָס האָט געהאַט די „חוצפּה" צו קריטיקירען איהם. ער האָט נעמליך אינספּירירט די גדולים פון קהל-ספערע זאָרגפריי ארויסצוהענגען א אומערהערטען פּלאַקאַט אויף די פּאַרקאַנעס און מויערען פון דער שטאָדט מיט די נידריגסטע בלבולים און שקרים אויפ'ן רעדאַקטאָר פון „ראַדאָמער-קעלצער לעבען" און צושיקט צו דער מאַכט און ווייטער.

מיט זיין „געלונגענע" חכמה האָט ער פיער נישט דערפיהרט דערצו. אז ער צוזאַמען מיט א גרויסען טייל גמינע-לייט זאָלען ציהען א פּסק אין געריכט, אז ס'זאָל זיי בלייבען לזכרון. צו זייער גליק און צו אונזער בעדויערען האָט זיך די האַנדווערקער-פראַקציע מיט'ן בעקאַנטען פרנס ה' פ. ל. פישמאַן אריינגעמישט און ממש אויסגעווירקט א דרוק אויפ'ן רעדאַקטאָר פון אונזער צייטונג, ער זאָל דעם פּראָצעס געגען די דאָזיגע ה"ה אַנולירען.

דער לובלינער יחסן זעהענדיג ווי די ה"ה תקיפים פּראָטעזשירען איהם איז ביי זיך געוואָרען האָפערדיג און נאָר גדלות'דיג געשטימט, אז ער האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען אַלט אָבער-פּרעזעס און אזוי איז עס געגאַנגען ווייטער. ביז ער האָט שוין געסטראַשעט די פרנסים מיט דמים בראשו און ביז ס'איז געקומען צו דער היינטיגער לאַגע. אז ער האָט זיך שוין ערלויבט אויסצוצאָהלען קהל'יש געלד אָהן א קאַסע-אַסיגנאַציע, און איבערשרייטען זיין פּענסיע מעהר ווי דאָס מיניסטעריום האָט אָנגעוויזען, און ווי איין רעדנער אויפ'ן מאַסען-מיטינג האָט זיך אויסגעדריקט: צו מישען מיט'ן פּאָליטישען קאָך-לעפעל און אַלע מאָהל זיך בעהאַלטען אונטער אַנ'אַנדערנס פליי-

צעס,

אונזער ביז־אהער ארויסגעזאגטע מיינונג, האלטען מיר, איז נאר איין מאטיוו פון א סך, וועלכע זענען נאך פערהוילען, ווארום ס'איז נאך אלעם א מערקווירדיגע אונפערשטענדליכקייט, אז איין יחיד, דערצו נישט קיין פרנס, נאר א האנאריראטער בעאמטער זאל בעשולדיגט ווערען אויף אזא אופן אזוי פון א גאנצע גרופע פרנסים און דאס זעלבע פון דער שטאדט, אז ער האט מיטגעשפיעלט א וויכטיגע ראליע און מיטגעווירקט צו צופיהרען די יעצטיגע גמינע צו אזא צושטאנד. וואו ליגען די סבות פון דאזיגען פלאנטער?

די יעצטיגע גמינע, לויט ווי מען הערט, האלט ביי פונאנדערגעלאזט ווערען און אויף איהר ארט זאל געקליבען ווערען א פראוויזאריום. אין אזא פאל שאפט זיך דאך דער איינדרוק, אז עטליכע און דרייסיג פרנסים זאלען ברויכען לייגען די מאנדאטען צוליב איין יחיד און דאס איז דאך נישט תופש צו זיין.

וואס קומט דא, אלזא, פארט פאר, ווער מיט וועמען קעמפפט?

ב. צווייג.

# איבער די 50־גער גראשענס האבען מיר אודאי צו זאגען.

אין א רייהע פריהערדיגע ארטיקלען האב איך נענוג בולט און איבערצייגענד אנגעוויזען אויף דעם רעיענטען־אבצאהל. איך האב אויך געעפענט א דיסקוסיע איבער דעם זעלבען פראבלעם, ליידער איך מוז עס פעסטשטעלען, אז אונזערע פאלקס־בענק־פארשטעהער צו וועלכע איך האב אפעלירט, די, וועלכע מיין פראגע האט געדארפט וועניגסטענס אינטערעסירען, האבען ארויסגעוויזען זייער גאנצען דעזאינטערעסעמענט.

איך האלט פאר א חוב אנצוווייזען דער געזעלשאפט ובפרט דעם סוחרישען האנדעלס־עלעמענט אויף א ענין, וואס דארף ציהען אויף זיך די אלגעמיינע אויפמערקזאמקייט — דאס זענען די שווערע בייגעפראגענע 50־ער גראשען, וועלכע נעמען ביי אונז סוחרים און קליינהענדלער א טייל אקציען־בענק (די באנק ספולעק זאראבקאווי האלט פרינציפיעל נישט אויף קיין וועקסלען, אבער פאר די צייט, וואס דאס וועקסעל ליגט ביים רעיענט נעמט זי ביים אויסקויפען 50 גראשען) און אלע אהן אויסנאהם קאאפעראטיווע בענק פאר אויפהאלטען דאס־קלענסטע וועקסעלע אויף 2 טעג — 50 גראשען.

מאטעמאטיש הייסט דאס קארגע 15% מאנאטליך, אדער קנאפע 200% יעהרליך. אז א סוחר האט דורך די וואך אביסעל אזעלכע וועקסלען אויפצוהאלטען (און ווער מ'שטיינס געזאגט צאהלט היינט פינקטליך) מאכט עס א גאנץ גרויס לאך און שלעפט מיט וואס אמאהל מעהר קרעדיטארען און פעראָרימט דעם סיטואירטסטען סוחר.

אז דער דאזיגער אבצאהל ברענגט אין יעדער איינער קאאפעראטיווער באנק א גענוג אנגעזעהענעם בכבוד'יגען איינקונפט און פערנעמט איינע פון די וויכטיגסטע פאזיציעס אין בודזשעט — דאס איז בלי שום ספק, איך האונדער מיך אלזא גארנישט. וואס די לעצטע צייט מעהרט זיך דער מין בענק, דען זיי זעהען זיך געלאקט אויף דעם דאזיגען פעטען שטיקעלע. דער דאזיגער איינקונפט, ווי געזאגט, א גאנץ היבשער, געהט אין אלע פאלקס־אינסטיטוציעס צו צו די רוחים און ווערט פערטיילט אין די אדמיניסטראציעס, אדער אנדערע אויסגאבען צווישען פאזיציעס פון בודזשעט.

לאגיש גענומען זאג איך, אז איבער די 50־ער גראשענס האבען מיר אודאי צו זאגען, ארויסגעהענדיג פון שטאנדפונקט, אז א סוחר, א דורכשניטליכער, איז היינט מיטגליעד כמעט אין יעדער איינער קאאפעראטיווער באנק און אלס אזעלכער נאך מעהר אלס א רעדעלע פון גרויסען מעכאניזם, וועלכע בעוועגען די קאאפעראטיווע מאשין דורך געבען איהם אינקאסעס. פרצכטען־דיסקאנטא א. א. וו. האט ער רעכט אויף אלע אהן אויסנאהם צו זאגען א דעה ובפרט אויף דעם דערמאהנטען אבצאהל. מיר מעגען א מאהל זאגען, אז עס קוסט אונז דיווידענד, ווייל א קאאפעראטיוו הייסט אויף גראבס כמעלשון, אויף יודיש, א בשותפות־מאנאפעריערענדע באנק־אנשטאלט, וואו מיר אלע זענען שותפים.

פערשטעהט זיך, אז פון דיווידענד איז אבגערעדט. דערפאר זארגען אנדערע, אבער גראד די 50 גראשען קומען אינז און נאר אונז.

איך ווייס פון פאקטען, ווי א גרעסערער פאסטען־וועקסעל געהט אויף אינקאסע אהן אינקאסע־געלד, מען נעמט פאר אינקאסע קיין גראשען נישט, אבי נאר מען זאל קענען בעקומען פון די צאהלער 50־ער גראשען אויפהאלט־געלד.

דער כלל סוחרים, וועלכע זענען בוגלייך מיטגלידער אין ראדאמער סוחרים־פעראיין האבען קנאפ אינטערעס פאר אונזער אינסטיטוציע. וועלכע איז די איינציגע פאזיציע, אויף וועלכע סוחרים זאלען זיך קענען שטיצען אויף צו פערטיידיגען זייערע בלוטיגסטע אינטערעסען.

דער סוחרים־פעראיין וואלט געקענט ענטוויקלען א פיעלזייטיגע ארבייט אין מעגליך מיט ערפאלג, ווען עס וואלט איהם נישט געפעהן אין וועג א כראנישער דעפיציט. פון סקלאדקעס אליין קען זיך די אנשטאלט נישט האלטען און געפינט זיך דעריבער אין קוועהל

# טאג־בוך פון א ראדאמער זעלבסטמערדער.

— אז איך קען נישט מעהר דערצעהלען, כ'שעם זיך. פאר זיך אליין נאכצוזאגען אזעלכע זאכען — האט זיך מיין פרוי טיפער איינגעגורעט אין דער פאטש.—

כ'האב געבעטען אהער, כ'האב געבעטען אהין, מיין פרוי איז געווען איינגעשפארט און ביי קיינפאל נישט געוואלט מעהר דערצעהלען, נאר כסדר געזיפצעט און געשאלטען די שלעכטע מענשען, וואס קאמפראמיטירען זי. געזעהן, אז נישט צו מאכען, בין איך געפאלען אויף אזא געדאנק: איך בין ארויס מיט'ן לשון און גענומען רעדען צו מיין פרוי מיט א געלאסען קול און א קאלט געלעכטער'ל.

— הער מיך אויס, מיין פרוי, האב איך אנגעהויבען — איך זעה דאך, דו ווילסט מיר גארנישט דערצעהלען — וועל איך דיר יא עפעס דערצעהלען. צוריקקומענדיג היינט פון ווארשא, בין איך געגאנגען פון דער באהן מיט פיעל אנדערע פאסאזשירען. אינמיטען הער איך אזוי ווי מענטשען דערצעהלען פון נעכטיגען באל, ווי הערליך ער איז געווען איינגעארדענט און וואס פאר א גרויסע לייט ס'זענען אלץ געקומען און ווי אזוי זיי האבען זיך געוויילט מיט יודישע פרויען און מיידלעך. הערענדיג דאס האב איך, געהענדיג אזוי, זיך פארגעשטעלט, אז פסתם האסטו אויך געטאנצט. אבער דאס האט מיך גאר נישט געארט. וואס איז? מ'טאר דען נישט טאנצען מיט א כאנסטערווין? כ'בין דאך שוין נישט קיין חסידישער יונגערמאן און פון גנרער שטיבעל בין איך דאך שוין לאנג ארויס. איז וואס אז מיין פרוי האט געטאנצט, זאל זיין אפילו מיט קריסטליכע פערזענליכקייטען. אדרבה, איך בין גאר זעהר צופרידען, אויב מיין פרוי האט זיך אזוי גוט געוויילט. אזוי ווי איך טראכט מיר אזוי, הער איך ווייטער, ווי די זעלבע פאסאזשירען דערצעהלען, אז פיל יודישע פרויען און מיידלעך אנגעטהוענע אין מאסקעס זענען נאכ'ן באל אוועק מיט אפיצירען, מיט העכערע בעאמטע פון גובערניע און מאגיסטראט אין די האטעלען. איך האב דאס אלעס רוהיג אויסגעהערט און ביי זיך געטראכט, ווער, ווער, אבער נישט מיין פרוי. דיך מיין פרוי מיינט מען זיכער נישט. ס'האט מיך אפילו א טשעפ נישט געטוהן; אין דעם בין איך זיכער געווען ביז איך בין אהיים געקומען. ערשט מיט דיר רעדענדיג ענטשט הט אין מיין קאפ א פלאנטער. דו רעדסט מיט מיר האלבע ווערטער און איך קען גארנישט זיין אזוי קלוג צו פערשטעהן, וואס דו מיינסט; אט ווילסטו מיר עפעס דערצעהלען און באלד ביסט זיך מישב און וואלסט זיך צוריק. זיי אליין, מיט דיין האלטונג און צו־פיעל דיסקרעציע פערארזאכט, אז איך זאל דיך בעגינען מיין ווילען, אין עפעס חושד זיין. וואלסטו מיר כאטש אלעס דערצעהלט, וואלט איך געוויסט, אז דאס אלעס, וואס מ'האט אויף דיר אויסגעטראכט, איז נישט מעהר ווי א בלבול; אז דו שווייגסט אבער, מיין איך דאך טאקע עפעס און איך קלער איבער אויסטערלישעס. מיין חשבון איז א פשוט'ער מסתמא, אז דו שעהמסט זיך, מוז זיין צוליב עפעס... אנדערש איז מען דרייסט און מען דערצעהלט אלץ מיט א שמייכעל, גלייך ווי נישט דיך מיינט מען.—

מיינע ווערטער, וועלכע זענען ארויסגערעדט געווארען מכלומר'שט אזוי נאאיוו און אזוי תמימות'דיג־גלאטיג, האבען אבניב געמאכט א רושם. ביי מיין פרוי, וועלכע האט, בשעת ווי איך האב אזוי גערעדט, געוואכט דורך די פינגער אלע מאהל א קוק אויף מיר,

כמעט אָן אויסגאַנג. איך וואָלט דעליבער איינגעפינען, אַז אונזערע פעראיינס-מיטגלידער, וועלכע גיבען זיך אָפּ אַ חשבון, וואָס עס הייסט אַ געזעלשאַפטליכע רעפּרעזענטאַנץ אין סוחרים-פאַרשטעהערשאַפט ביי דער היינטיגער צייט, ווען די אויגען פון גאַנצען לאַנד איז געווענדעט אויף ווירטשאַפטליכע פּראָבלעמען, זיי זאָלען באַאיינפליסען און ווירקען אין יעדער איינציגער באַנק-אַנשטאַלט ביים צוזאַמענשטעלען די בודזשעטען אויפ'ן 1930 יאָהר. זאָלען פון די איינקינפטען פון די אויפהאַלטונג'ס-געלדער פון די 50-ער גראָשענס אַ בעדייטענדער פּראָצענט געהן צו סובסידירען דעם ראַדאָמער סוחרים-פעראיין אלס די איינציגע אנשטאַלט, וועלכע רעפּרעזענטירט דעם כלל ראַדאָמער סוחרים.

דעם 16-טען לויפ', אַלזאָ דעם נעכסטען זונטאַג, קומט פאָר אַ אַלגעמיינע פערזאַמלונג אין דער היגער קאָאָפּעראַטיווער קרעדיט-קאַסע (פּאָפּולער ציוניסטישע באַנק לובלינער 25). דער 4-ער פּונקט פון סדר היום זעהט פאָר דאָס בעשליסען דעם בודזשעט אויף 1930 יאָהר.

איך ווענד מיך אַלזאָ צו די דאָרטיגע מיטגלידער, מיינע לעזער, סימפּאַטיקער (וואָהרשיינליך געפינען זיך שוין אַזעלכע) זיי זאָלען מיין פאָרשלאַג, וועלכען איך שטעל אַרויס עפענטליך, איידער מען האָט מיר דאָס וואָרט געגעבען, זיי זאָלען מיינע אויפריכטיגסטע בעמיהונגען פאַר'ן כלל סוחרים מיט דער גאַנצער ענערגיע אונטערשטיצען.

איך ווענד מיך מיט'ן זעלבען אַפּעל צו אַלע היגע יודישע באַנק-פאַרשטעהערשאַפטען.

**אבֿרהם פינקעלשטיין.**



# אַ מיידעל האָט געבוירען צוויי הינטלעך.

## מיט דער פייסערגעוועהנליכער סענסאַציע קלינגט שוין די שטאָדט די צווייטע וואָך. — פון וואַנען האָט זיך גענומען די אויסטערלישע לעגענדע.

שוין די צווייטע וואָך געהען אַרום קלאַנגען אין אונזער שטאָדט. אַז אַ געוויסע פרייליין מיט'ן נאָמען חנה י. האָט געבוירען צוויי הינטלעך. די ראָזינע חילדע בייטס האָט אין שטאָדט געמאַכט אַ גרויסע סענסאַציע. אַזוי, אַז ס'איז דערגאַנגען צו דער אויספאָרשונג'ס מאַכט. וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען פעראינטערעסירען מיט דעם ענין.

ענדליך איז די גאַנצע סענסאַציאָנעלע געשיכטע איבערגעגאַנגען צום היגען רב קאָנסטאַנטינער, וועלכער האָט אַרויסגעזען אַלע פעראינטערעסירטע אין דעם ענין. היינו: די פרייליין י. איהר מוטער. שכנים און קרובים וויאויך דעם ד"ר זשאַבנער. די חקירה ודרישה האָט געדויערט איבער 8 שעה און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען פאָלגענדעס:

דאָס פרייליין איז אַלט 17 יאָהר. זי וואָהנט צוזאַמען מיט איהר מוטער אויף דער נאָס ה. דאָס מיידעל איז געבילדעט און גרייט זיך צו צו דער 7-ער קלאַס גימנאַזיע. איהר מוטער ערנעהרט זיך פון האַנדלען אויף דער גאַס. דער פאָטער, וועלכער איז געווען אַ העברעאישער לעהרער אין אַ קעלצער גימנאַזיום, איז געשטאָרבען מיט עטליכע יאָהר צוריק.

פאַר עטליכע וואָכען האָט דאָס מיידעל בעזוכט איהר 100-יעהריגען זיידען צוזאַמען מיט איהר מוטער. אין אַ דינסטאָנדיגען טאָג האָבען זיי זיך געטראָפען מיט אַ קוזין, אַ געוויסען בחור מ. בדי-טען בחור מיט'ן מיידעל איז פאָרגעקומען אַ פיינג'ס אויספּויש אין פאַמיליען-אַנגעלעגענהייטען, דאָס געשפּרעך איז געפיהרט געוואָרען אין אַ זעהר טעמפּעראַמענטפולע שטימונג. וואָס איז איבערגעגאַנגען אין אַ שאַרפע דיסקוסיע און דערפיהרט צווי היט, אַז דער בחור האָט דער פרייליין אַ קאָפּ געטוהן אין בויך. דאָס מיידעל איז אַנידערגעפאַלען און איז נאָכהער קראַנק געוואָרען ליגענדיג אין בעט עטליכע וואָכען. צום מיידעל איז אַרויסגערופען געוואָרען דער ד"ר זשאַבנער. ווען די אַרומיגע שכנים האָבען בעמערקט אָנקומען דעם ד"ר זשאַבנער, וועלכער איז בעקאַנט אַלס גינעקאָלאָג (אקושער) האָט זיך ביי זיי צושפּילט די פאַנטאַזיע און סיגית וביאַ האָבען זיי אויפגעטראַכט אַ באָבע-מעשה, אַריינלייגענדיג אומשולדיג דאָס קראַנקע מיידעל אין אַ חיסטען שם. די דאָזיגע שכנים האָבען גוזויגנעשפּיקעוועס צוויי מעשיות און אין זייערע בוחיבטע פּנחות איז געבוירען געוואָרען אַ געשיכטע מיט צוויי הינטלעך. די פאַנטאַסטישע קאָמבינאַציע פון צונויפּפּאָרען דעם מיידעלס קראַנקהייט מיט געבורט פון צוויי הינטלעך נעמט זיך אָט פון וואָס:

ביי דעם מיידעלס פאַמיליע געפינט זיך אַ הינד, וועלכער היט אָב די שטוב. וואָס איז על פּי רוב פערשלאָסען. מחמת די שטוב-מענשען זענען מעהרסטענטייל אין גאַס. חיות די שכנים האָבען געזעהן אַריינגעהן דעם ד"ר זשאַבנער און צו דער זעלבער צייט בעמערקט להבדיל דעם... כלב האָט מען שוין נישט מעהר געבריכט און תוך כדי דבור איז אויסגעוואַקסען געוואָרען אַ מעשה פון ווילענד און איין נאַכט. יעדער האָט צוגעלייגט אַביסעל און פון איינעם ביז'ן צווייטען איז די געשיכטע געוואָרען אויסגעברייטערט מיט פערשידענע פּירושים און קאָמענטאַרען. און אַזוי נאָך האָט די מעשה אָנגעהויבען אַרומפּאַצירען איבער דער שטאָדט.

ס'איז כדאי צו בעמערקען, אַז דער

---

האָט זיכער געהאַט דעם איינדרוק לויט דעם שטילען שמייכלען פון מיינע ריד און לויט מיינע רואיגע גענויכם-שטריכען. אַז איך רעד דאָס אַלעס מיט'ן פולען גלויבען צו איהר ערנסטליכקייט, אין אַז איך בין זיכער. אַז זי האָט מיך נישט פערראַטען — האָבענדיג די דאָזיגע איבערצייגונג האָט זי זיך ערשט געכאַפּט האַרץ און האָט ווי נאָך אַ קאָמפּף מיט זיך אַליין — האַסטיג אַ זאָג אַרויס געטוהן.

— איך האָב דיר נישט געוואָלט זאָגען, מיינענדיג. אַז דאָס וועט דיך פערעסען ווי אַ בראָנע, יעצט אָבער זייענדיג איבערצייגט, אַז האָסט מיך ליעב אין האָסט צו מיר צוטרוי, האָב איך בעקומען מוטה און וועל דיר זאָגען, וואָס מענשען האָבען זיך אויסגעטראַכט. פּייערזיכטיגע מענשען, וועלכע האָבען מיר נישט געקענט פערגינען די „פּאַרוועניע" וואָס איך האָב געהאַט אויפ'ן באַל, האָבען זיך אויסגעטראַכט. אַז איך בין אַוועק נאָך פאַר ענדיגען זיך פון באַל, ס'הייסט, נאָך פאַרטאָג'ס, ווען ס'איז נאָך פינסטערליך געווען, מיט'ן פּאָלקאָווניק פון דער זואַנראַטעריע אין אַ האָטעל. דאָס איז אַ געמיינע ליגען...

— מעהר האָט מיין פרוי נישט גערעדט. נאָר אַוועקגעפאַלען אויף דער סאָפע און זיך צעוויינט. איך האָב איהר בערוהיגט. איהר פערזיכערט, אַז איך גלויב נישט און לערביי איהר כסדר געקוקט אין די אויגען. דאָס מאָהל איז זי שוין געווען דרייסטער און האָט נים געהאַלטען איהר פּנים פערשטעלט. איך האָב געזעהן אין איהרע אויגען טרערען, אָבער דער גלאַנץ פון זיי איז נישט געווען קיין עהרליכע. די טרערען זענען מעהר געווען פון גרויס טעררור און כעס אויף יענע מענשען, וואָס רעדען פון איהר. איידער פון אומשולד... די אויגען האָבען איהר געמסר'ט. זיי זענען נישט געווען טרויריג, נאָר פערוועהטאָגט. אויסגערינט און געשאַפען פון זיך פונקען.

אויף חיפּיצל איך האָב זיך בעמיהט צו זיין רוהיג און קאַלט האָט זיך אין מיר צעקאָכט אַ שטורעם. איך האָב זיך אָבער געפּאַסט און געטרייסט מיין פרוי, וועלכע איז אויף מיר אַרויפגעפאַלען און קושענדיג מיך האָט זי געפּליטערט מיט אַ הייסען אָטהעם: מיין טייערער מאַן, איך האָב דיך ליב און פיינד; ליעב האָב איך דיך דערפאַר, וואָס דו האָסט צו מיר צוטרוי און גלויבסט מיר. אַז איך בין עהרליך צו דיר, און פיינד האָב איך דיר, פאַר וואָס דו האָסט מיך געלאָזט געהן אַליין אויפ'ן באַל און ביסט אַוועקגעפאָהרען — וואָלסטו געווען אויפ'ן באַל. וואָלטען בייזע מענשען נישט געהאַט מיט מיר צוטוהן — האָט זי מיר געשמייכעלט אין פּנים אַריין — איך האָב דיך מעהר ליעב ווי פיינד.

איך האָב מיין פרוי געשטעלט פראַגען אָבער וועהר דעליקאַט און פערזיכטיג.

— וואו ביסטו געגאַנגען נאָכ'ן באַל? איך בין דיך נישט חושד, נאָר איך פרעג זיך סתם אַזוי, כדי צו וויסען ווי אַזוי אָבצוענטפערען די בייזע מענשען.

— צו אונז, צו דער מאַמע.—

— פאַר וואָס ביסטו נישט געגאַנגען צו דיר אַהיים?

— ווייל כ'האָב נישט געוואָלט מענשען זאָלען מיך חושד זיין, אַפילו מיינע בעקאַנטע. וואָס האָבען געוויסט, אַז דו ביסט אַוועקגעפאָהרען און מיסט איך דער היים נישטאָ...

—אַהאַ, איך פערשטעה, ריכטיג, מיט וועמען ביסטו אַהיים געגאַנגען? — האָב איך שטיל און מיט אַ שמייכעל ווייטער געשטעלט אַ פראַגע.

— מיט מיין שוועסטער סאָליע, אויך

רב האָט בעפוילען צו ברענגען דעם הינד און נאָכן אויסהערען אלעמען, ווי אויך דעם ד"ר זשאַבנער איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אז די גאַנצע מעשה איז שקר און א אויסגעטראכטער בלבול, וואָס האָט נישט דעם מינדעסטען יסוד.

דערווייל האָט ראָדאָם געהאט א סענסאַציע און ס'האָבען זיך געפינען בעלנים, וואָס זענען געקומען צולויפען אויף חרושים אָנקוקען די הינטלעך און זיי האָבען נעבעך נישט זוכה געווען צו זעהן דאָס „וואונדערבאַרע" נייעס, זיי האָבען אפילו נישט געהערט א ביל טוהן די דאָזיגע הינטעלעך.

א רחמנות נעבעך אויף די „קונסט-פיינשמעקער" פון 20-טען יאָהרהונדערט...

# פון דער לעצטער זיצונג אין ראַדאָמער שטאָדט-ראַט.

אויף דער לעצטער זיצונג פון שט.-ראַט האָט דער פאָרזיצענדער ד"ר קעלעס קראַוז פאָרגעשטעלט דעם פאָרשלאָג פון מאַגיסטראַט וועגען שענקען שטאָדט-פּלעצער אויפצובויען הייזער פאַר בעאַמטע דורך דעם פערזיכערונג'ס-אמט.

דער פאָרשלאָג ווערט נאָך א קורצע דיסקוסיע אָנגענומען.

בעת'ן בעטראַכטען דעם סטאַטוט פון דעם צווישען-קאָמונאַלען שפּיטאָל-פאַרבאַנד אין ראָדאָם, איז ענטשטאַנען א דיסקוסיע. דער פרעזידענט זאָגט זיך ארויס אָנצונעמען דעם סטאַטוט אָהן ענדערונגען, געמענדיג אין אכט, וואָס ער איז די כנעגאַנגען 6 קאָמיסיעס.

ראַטמאַן גאַיעװיטש (רעכטע), וועלכער האָט שוין א טראַדיציע כסדר צו אָפּאָנירען די מאַגיסטראַט-פאָרשלאָגען, קריטיקירט אויך דאָס מאָהל דעם סטאַטוט, מאָטיווירענדיג, אז די סומעס פון די שפּיטאָל-געביידעס אין איינריכטונגען זענען אויסגעגעבען אויף א סומע פון 55 טויזענד זל. בעת דאָס בעטרעפט פיעל מעהר. אין סטאַטוט ווערט דערמאָנט, אז אלס פאָרשטעהער פון שטאָדט אין ראַט פון שפּיטאָל-פאַרבאַנד דעלעגירט פאָרשטעהער דער מאַגיסטראַט, אין דער צייט, ווען אזעלכע פאָרשטעהער דעלעגירט דער שטאָדט-ראַט, ווי ס'איז ביז יעצט געווען.

ד"ר קעלערס קראַוז האַלט, אז ראַטמאַן גאַיעװיטש איז גערעכט און, אז אין סטאַטוט דאַרף געמאכט ווערען אַן'אויסבעסערונג אין דעם זין, אז דער שטאָדט-ראַט דעלעגירט. ווען דער וו.-פרעזידענט דריקט אויס זיין פערוואונדערונג, פאַר וואָס ד"ר קעלערס קראַוז איז מסכים צו ענדערען דעם סטאַטוט בשעת ער אליין איז געווען ביים אויסארבייטען דעם סטאַטוט — פערלאָזט ה' קעלער'ס-קראַוז דעם פּלאַץ ביים פרעזידיום-טיש אלס פאָרזיצענדער און זעצט זיך אהעק צווישען די ב. פ. ס'-ישע ראַטמענער. פון וואַנען ער טרעט שאַרף ארויס געגען ה' אונשעמבלא, אַבלייקענדיג, אז ער איז געווען אין דער קאָמיסיע ביים בעשטעטיגען דעם סטאַטוט.

אין רעזולטאַט פון דער פּאָלעמיק מאכט פרעזידענט גזשעפּשנאַרזשעװסקי א פשרה און אויף זיין פערלאַנג ווערט דער סטאַטוט אָנגענומען אין זיין יעצטיגע רעדאַקציע מיט ן תנאי, אז די אויסבעסערונגען זאָלן געמאכט ווערען אויף דער נעכסטער זיצונג פון סיימיק און נאָכהער פון שטאָדט-ראַט.

אויף דער זעלבער זיצונג ווערט אָנגענומען דער שטייער פון הייזער און פּלעצער לויט דער זעלבער נאָרמע, וואָס פאַראַיאָהרען.

ס'ווערט געלייענט פון די רעכטע ראַטמענער באַגאַװסקי, זאַיעװיטש, פערענצאַהיק, ביעזשאָװסקי און פּאַיענסקי דעם אריינגעטראָגענעם פאָלגענדען פאָרשלאָג: היות ווי אין שטאָדט קורסירען בעאונרוהיגענדע קלאַנגען וועגען א פּיאַוסיעלען קראַך אין מאַגיסטראַט, אז לעצטענס איז אין מאַגיסטראַט פאָרגעקומען א רעװיזיע פון דער וואָיעוואָדסטװאָ, פון וועלכער קיין רעזולטאַט איז נישט בעוויסט. און אזוי ווי דער מאַגיסטראַט האָט אויף דער זיצונג מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט וועגען דעם אלעם — זאָל דער שט.-ראַט בעאויפטראַגען דער רעוויזיאָנס-קאָמיסיע אויסצופאָרשען דעם גאַנצען ענין און צוגעבען גענויע ערקלערונגען אויף דער נעכסטער זיצונג.

אויף דעם אלעם גיעט אַנ'ענטפער ד"ר קעלער'ס קראַוז, וועלכער בעמיהט זיך צו בערוהיגען דעם שטאָדט-ראַט, פערזיכערענדיג, אז לויט די דורך איהם בעזיצענדע ידיעות, האָט די וואָיעוואָדסטוואָ-קאָמיסיע בעת דער רעוויזיע אין דער שטאָדט ווירטשאַפט קיין סום קרימינעלעס נישט געפונען. די קאָמיסיע האָט נאָך זאָגאַר בעוואונדערט די פערדיענסטען פון סאָציאַליסטישען מאַגיסטראַט, וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק דורך בויען פערשידענע אינסטיטוציעס. דאָך האָט דער פרעזעס קעלער'ס קראַוז, צוגעזאָגט די רעוויזיאָנס-קאָמיסיע צו רופען.

א לעבהאַפטע דיסקוסיע רופט ארויס דער פאָרשלאָג וועגען א ספּעציעלען אָפּצאָהל אויף אויסצואַרוקירען די גאַסען שצעקאַ, נאַרוטאָװיטש, קאַשטאָנאָװאַ, טלאָדזיאַנאַװסקא, באָטעינא, נייע-וועלט, פּאָדוואַלנע, ווי אויך פעריכטען די וועגען. דאָס דאַרף קאָסטען 204 טויזענד מיט 926 זל. לויט דעם אריינגעטראָגענעם פאָרשלאָג דאַרף די סומע געדעקט ווערען פון ראַגאַטקע-אָפּצאָהלונגען און פון די וואָך האַנדלען אויפן מאַרק. דער פאָרשלאָג ווערט אָנגענומען

אויף דער זעלבער זיצונג ווערט אויך בעטראַכט דער פאָרשלאָג וועגען נעמען ביי די אייגענטימער פון הייזער און פּלעצער אויפן יאָהר 1930‏-31 א שטייער אין דער גרויס פון 230 טויזענד זל. אויף צו דעקען די אויסגאַבען פון וואַסער-לייטונג און קאַנאַליזאַציע. איינציגע ראַטמענער זאָגען זיך ארויס געגען דעם אָפּצאָהל, די מעהרהייט איז אָבער רעכטס און דער פאָרשלאָג געהט דורך.

צום סוף צווישען די פרייע פאָרשלאָגען ווערט בעריהרט די פראַגע וועגען עפענען, צוליב די ארבייטסלאָזיגקייט און קאַטאַסטראָפאַלען קריזיס, א הילפס קאָמיטעט פאַר ארבייטסלאָזע אין ראַדאָם.

## ווינטער

און מיט איהם די אָנזיכערע צייט פון פערשידענע פערקיהלונגען און א שטענדיגע קראַנקהייטען. כדי זיך צו פערהיטען פאַר די דאָזיגע נישט געבעטענע געסט דאַרף מען זיך פערזעהן מיט דעם „קראַמער'ס" פיהלבאַרסטען טערמאָמעטער. וועלכער איז לויט דער מיינונג פון דאָקטוירים נויטווענדיג, כדי גלייך צו קאָנען אָװעקשטעלען די היילונג אויף דעם ריכטיגען וועג.

ד"ר ל. ק.

זי איז געזעהן אויפ'ן באַל.

— נו, האָסטו דאָך עדות און נאָך וואָס פאַר אַנ'עדות — האָב איך שטאַרק אויסגערופען — וואָס נאָך ווילען זיי, די פערדאַרבענע פליאַטקע-מאַכערס.

מיין שטאַרקער אויסרוף איז געווען דורכגעדרונגען מיט פיעל איראָניע. מיין פרוי האָט עס נישט בעמערקט. איך האָב ספּעציעל געמאכט אזוי, זי זאָל נישט בעמערקען, און ווייטער האָבען צו מיר צוטרוי, דורך וועלכען איך האָב געהאָפט וואָס מעהר צו דערגעהן וועגען דעם דאָזיגען באַל. פאַר זיך האָב איך גענוג פערשטאַנען מיין פרוי'ס תירוץ, פאַר וואָס זי איז נישט געגאַנגען צו זיך אהיים, נאָר צו דער מאַמע, און נאָך מעהר האָב איך אויסגעצייכנעט פערשטאַנען, וואָס פאַר א בעדייטונג עס קען האָבען און הי ס'קאָן זיין בעגלויבט דאָס עדות-זאָגען פון אַנ'איינעגענער שוועסטער... איך האָב אָבער געשוויגען און ארויסגעוויזען, אז איך גלויב אלץ מיין פרוי, וואָס זי זאָגט אין טראָך דעם, וואָס אין מיר איז א א בערקעהרעניש פאָרגעקומען און דער מוח האָט זיך מיר פערדרעהט און אין מיר האָט צלץ געשריגען: פערראַט, פערראַט, פערראַט. — זאָך האָב בעצוואונגען זיך מיט כל הכחות און בעשלאָסען ווייטער צו פיהרען אַנ'אויספאָרשונג.

(פאָרזעצונג קומט).

# צוגעשיקטע מעלדונגען.

## פון „לינת הצדק"

די ניי-געוועהלטע פערוואַלטונג האָט זיך געשטעלט פאַר א אויפגאַבע צו פערגרעסערען די טהעטיגקייט אויפן געביעט פון מעדיצינישע אונטערשטיצונג און זי פערהאָפט, ווען די פינאַנציעלע לאַגע פון דער געזעלשאַפט וועט זיך פערבעסערען, וועט צוריקגעשטעלט ווערען דער „לינת-הצדק" אויף דער זעלבער הויך, ווי ס'איז געווען פאַר דער קריעג.

דאָס ערטיילען מעדיצינישע הילף קומט פאָר לויט פאָלגענדען סדר:

די גאַסען: זאַמליגע, ושיטניע, סט.-קראַקאָװסקא נייע וועלט, שפּיטאַלנא, סט. מיאַסטא רינעק, רווייַנסקא, שעחצקא, טפּאַז ראָווע, שחאַרליקאָװסקא, וואַלנאָשטש, מילא גראַדזקי האָעל, פאָרחאַלני, שוהל גאַס, זאַטילנא, מאַריאַצקי גורקעס, מאַריאַצקי נעבען שפּיטאָל און לובלינער ביז נומ. 40 — די איינוואָהנער פון די דערמאָנטע גאַסען, וועלכע נויטיגען זיך אין מעדיצינישע הילף, ברויכען זיך ווענדען אין צענטראַל פון דער געזעלשאַפט ליה"צ

רווינסקא 3 אין די שעה'ען פון 9—1 נ. מ. און פון 9—6 אווענד. דאַרט די־זשורירען צערה. מיטגלידער.

פאר די גאסען: וואשאווער, קאַסטע־ראַווע, וואַרנע, וואַנזקא, קילינסקי, ריטשערד, זאפקיס, כאוואַזש, זילא, לובליגער פון נומ. 40, נבייליוואַ פקא, זישעווסקאַווקא, גאַלעמביאָווסקי אין פעטסיאַס דער אַפּיעקון ה' ישראל זיידמאַן קילינסקי 8.

פאר די גאסען: סקאַרישאָווער, פוק־סאלנא, קאָפּנע, יאַסנע, ראַלנע, גאַרס־שעזשען, וויסאַקאַ, מאַר אודאַוואַ און זייער אימגעגנד — איז בעשטימט אלס אַפּטיקן די פּיטעל ראַזען ספּקורי־שעווסקא 41.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן בעשלוס פון זייער פאַרזאַמלונג מאַכט מען בע־קאַנט, אז אין לאָקאַל פון דער גע־וועלשאַפט (רווינסקא 3) דיזשורירט מען א גאַנצע נאַכט, וואו עס ווערען פערטיילט מאַמענטאַלע מעדיצינישע הילף אין דרינגענדע פאַלען.

די נעזעל. ליח"צ גלויבט, אז די ראדאָמער אידישע בעפעלקערונג וועט זיך וואַרים אָפּרופען אויף אלע ווענ־דונגען פון דער סאַניטאַרער פערוואַל־טונג און ווי געהעריג איהר אונטער־שטיצען.

גלייכצייטיג ווערט דערמאַנט, אז דער ה' ש. לאַנדוי איז געוועהלט גע־וואָרען אלס פעזיצער־מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט.

דאָס בלימעל, וואָס האָט געזאָלט פאַרקומען דעם 13-טען היינטיגע וואָך, קומט פאָר דעם 18 ה. ח.

# חתן-כלה קומען אויפ'ן בית-עולם שטעלען א חופה און זיי ווערען פערשווינדען.

אין ראדאָם האָט פאַסירט א מעשה נורא, איינע פון יענע פאַרצייטישע מעשיות, וואָס דערמאָנען אָן פערלאָרענע נשמות, גלגולים, וואָס האָבען זיך פערזינדיגט אויף דער וועלט און זענען גע'משפט געוואָרען אויף יענער וועלט פון בית-דין של מעלה צו זוכען א תיקון אויף אונזער וועלט.

די מעשה ווערט אזוי דערצעהלט:

אויפ'ן ראדאָמער בית עולם זענען די טעג געקומען חתן-כלה. וועלכע האָבען געוואָלט דאָרט שטעלען א חופה. זיי זענען אריינגעגאַנגען צום פערוואַלטער פון בית-עולם, ר' משה בונם, און זיך געווענדעט צו איהם כהאי לישנא: מיר חתן-כלה זענען געקומען צו אייך מיט א בקשה. איהר זאָלט זיין די עדות ביי אונזער חופה וואָס מיר ווילען דאָ, אויפ'ן בית עולם שטעלען אויף איינעם פון די קברים פון אונזערע אבות וואָס ליגען דאָ.

דערביי האָט די כלה אָנגעוויזען אויף א קבר, וואו סיליגט איהר פער־שטאָרבענע פאָטער. ווען אלע דריי זענען צוגעקומען צום קבר, האָט דער חתן ארויסגענומען א גאָלדען רינגעל און איידער ער האָט מקיים געווען די כלה האָט ער אויסגערופען: עדות זאָלען זיין די מצבה, די בוימער און איהר ר' משה בונם.

דער חתן האָט אָנגעטוהן די כלה דאָס רינגעל און אזוי ווי ער האָט אָנ־געזאָגט הרי את מקודשת האָט זיך דערהערט פון ווייטען א שטאַרק קול: מזל-טוב! אין דער רגע זענען חתן-כלה פלוצלינג פערשווינדען געוואָרען און מ'האָט שוין קיינעם נישט געזעהן. אויפ'ן קבר האָבען זיך פלוצלינג בע־וויזען צוויי שוואַרצע וואָראָנעס, וואָס האָבען אויסגעשריען א שרעקליך קראַ־קערייַ, וואָס האָט געמאַכט ציטערען דאָס גאַנצע בית-עולם. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און אויך די צוויי וואָראָנעס זענען פערשווינדען געוואָרען.

ווען די דאָזיגע מעשה נורא איז בע־וואוסט געוואָרען איבער דער שטאָדט, האָט מען זיך געווענדעט צו ר' משה בונם'ען, אָבער יענער האָט ערקלערט, אז ער ווייסט פון גאָרנישט, דערביי

(סוף זייט 8)



## פון פערבאַנד „מזרחי" אין ראדאָם.

שבת דעם 15|2 7 אזייגער אווענט אין אייגענעם לאָקאַל (ריינעק 17, 1 שטאָק) פאַרקומען א לעבעדיגע ציטונג (נ. 5) מיטן אינהאַלט פון די בעסטע קרעפטען פון „מזרחי".

די נעכסטע טעג וועט אין „מזרחי" געעפענט ווערען א סאָציאָלאָגיש-עקאָ־נאָמישער קרייז אונטער דער אָנפיה־רונג פון אינז מנחם ראָזענבערג. די מיטגלידער, וואָס ווילען געהערען צום קרייז ווערען אויפגעפאָדערט זיך צו מעלדען אין סעקרעטאַריאַט פון 7 ביז 9 אָווענד.

## פון בית-יעקב-שולע

די אינספעקטאָרין האָט אויך די בית-יעקב-פערוואַלטונג ביי אונז אין ראדאָם איינגעלאַדען די טראַדיציאָנעלע חמשה-עשר בשבט-פייערונג, צו וועלכער עס איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען דער פרויען קאָמיטעט און בעזונדער דער מיניצער-קאָמיטעט.

סיאיז א אינהאַלטרייכע פּראָגראַם ווען די בעדייטונג פון חמשה-עשר בשבט-יו"ט טרעט אַרויס א לעהרערין, וועלכע ווערט שטאַרק אַפּלאָדירט. אין דעם פערשידענאַרטיגען אינהאַלטסריי־כען פּראָגראַם נעמען אנטייל א רייהע קינדער פון 2, 3 און 4 קורסען. וועל־כע בעהאַנדלען צח. אנד. פאָלגענדע אינטערעסאַנטע פּאָרטראַיען: רבי יוחנן בן זכאי, נביאים וכתובים, חמשה עשר בשבט, מתנות כהנים ולויים און אזוי ווייטער.

צום שלוס האָט זיך די גראַנד־יעזע פייערונג געשלאָסען ביי א זעהר געהויבענע שטימונג.

די פייערונג האָט אויף אלע אָנוועזענדע א שטאַרקען רושם איבערגע־לאָזט.

# קעלצער אבטיילונג.

## פייערליכער חנוכת-הבית פון קעלצער „בית-יתומים".

מאָרגען, זונטאָג דעם 16 לוטי, פּינקטליך 12 א זייגער מיטאָג, קומט פאָר אין דעם מיט א יאָהר צוריק דורך דער פאַמיליע זאַגייסקי אָוועקגעשענקטען בנין אויף סעמינאַרינסקאַ גאַס נומער 22 — דער פייערליכער חנוכת הבית פון „בית-יתומים", וועלכער געפינט זיך אין דערמאָנטען הויז.

צום חנוכת-הבית זענען פאַרבעטען געוואָרען די פאָרשטעהער פון דער אָרטיגער אדמיניסטראַטיווער און קאָמונאַלער מאַכט, ווי אויך פאָרשטעהער פון אַלע אָרטיגע געזעלשאַפטליכע אידישע אינסטיטוציעס. צווישען אַנדערען האָט אויך צוגעזאָגט צו בעעהרען מיט זיין אַנוועזענהייט בעת דער פייערליכער ערעפנונג — דער קעלצער וואָיעוואָדע, ה' קאָרסאַק.

ס'איז באמת כדאי צו בעזוכען דעם דאָזיגען ניי אויפגעבויטען בנין, דער עיקר די אינערליכע, לויט דעם לעצטען זין פון טעכניק איינגעאָרדענטע איינריכטונגען, וועלכע האָבען זיך נישט צו שעמען מיט אזעלכע אין די גרויסע אייראָפּעאישע שטעדט הומאַניטערישע אנשטאַלטען.

מיר זענען זיכער, אז דאָס אידישע קעלץ, אויסער דעם וואָס זי וועט זיך בעטייליגען אין די פייערונגען, וועט אויך וויסען ווי געהעריג אָבצושאַצען די אונגעהויערע שווערע, זעהר שווערע ארבייט פון דער איצטיגער פערוואַלטונג, וועלכע האָט צו דעם אַלעם צוגעפיהרט. און צוזאַמען מיט דער גאַנצער אידישער געזעלשאַפט וואונשען מיר דער פערוואַלטונג א ווייטערדיגען ערפאָלג אין איהר ארבייט.

## דעפּוטאַט גרינבוים און רעדאַקטאָר אברהם גאָלדבערג אין קעלץ.

מאָרגען, זונטאָג, דעם 16 ה. ח. 7.30 פ"ה, וועלען אויף זייער אדורכרייזע קיין פּינטשעוו, אויף דער קרייז-וואַהל-קאָנפערענץ פון סאַנדאָמירער וואַהל-קרייז — אָבשטייגען אין קעלץ, דער ציוניסטישער מנהיג, דעפּ. יצחק גרינבוים און רעדאַקטאָר פון „היינט" אברהם גאָלדבערג.

אויפ'ן באַהן - הויף וועט לכבוד די געסטע פאָרקומען א קבלת-פּנים, ווי דאָס איז געוועזען פערגאַנגענעם זונטאָג, בעת זייער ווייַלען אין קעלץ. אויפ'ן וועג קיין כמיעלניק און סטאָפּניצא.

## פערבאַנד פון דאָקטוירים-דענטיסטען פון קעלצער-קרייז.

מיט א פּאָר טעג צוריק, איז געגרינדעט געוואָרען אין קעלץ. א פערבאַנד פון אַלע פּראַקטיצירענדע דאָקטוירים-דענטיסטען פון קעלצער קרייז. דער פערבאַנד איז א אָבטיילונג פון אַלגעמיינעם פערבאַנד פון די דאָקטוירים-דענטיסטען אין דער פּוילישער רעפּובּליק. דער פערבאַנד האָט די אויפגאַבע צו שיצען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון איהרע מיטגלידער, אויך צו פערזיכ'רען די געזעלשאַפטליכע עטישע און רעכטליכער לאַגע.

## 2 פאָרלעזונגען פון אַדוואָקאַט צבי באָנפעלד אין קעלץ.

היינטיגען שבת צו נאַכטס, דעם 15 ה. ח. 7 אזייגער אָווענד, קומט פאָר אין זאַל „אָרפעאום" א פאָרלעזונג פון אדוואָקאַט צבי באָנפעלד, וועגען דער איצטיגער לאַגע אין ארץ-ישראל און וועגען די אויפגאַבען פון „קרן-קימת". די צווייטע פאָרלעזונג פון ה' באָנפעלד, וועט פאָרקומען זונטאָג, דעם 16 ה. ח. 7 אזייגער אָווענד אויך אין זאַל „אָרפעאום".

## שטורמישע אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט „לינת הצדק".

היינטיגען שבת צו נאַכט איז אין לאָקאַל פון דער קהלה פאָרגעקומען א שטורמישע פערזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט „לינת-הצדק", אויף וועלכער ס'איז בעטראַכט געוואָרען דער פאָרשלאַג צי ביים „לינת-הצדק" זאָל געעפענט ווערען א געצאַהלטער אַמבולאַטאָריום צי נישט. א אויספיהרליכען בעריכט וועלען מיר געבען אין נעכסטען נומער.

## קהלה-ראַט בעטראַכט דעם בודזשעט פון יאָהר 1930.

אין די נאָנטסטע טעג, טרעט צו דער קהלה-ראַט צו בעטראַכטען דעם קהלה-בודזשעט פון יאָהר 1930. וועגען בודזשעט גופא, וועלען מיר זיך אָבשטעלען אין א בעזונדער אַרטיקעל.

## דער אורטייל אין גרויסען קאָמוניסטישען פּראָצעס

מיטוואָך (דעם 5 פעברואַר) האָט זיך אין היגען קרייז-געריכט געענדיגט דער פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט 7 טעג געגען די 24 קאָמוניסטען. פערטיידיגט די אָנגעקלאָגטע האָבען די אדוואָקאַטען האָפמאַקל-אָסטראָווסקי, שימאַנסקי, האַניגוויל א. אַנד. דער פּסק-דין, וואָס דאָס געריכט האָט אַרויסגעטראָגען לויטעט: לעווי, ווילך, ראַפּאַפּאָרט זענען פער'משפּט געוואָרען צו 6 יאָהר תּפיסה, פּיעטרושיך — 4 יאָהר תּפיסה, טשעליך, ווינאַראָווסקי, מאַרימאַנס, קויפּמאַן טראָפּינסקי, וואָרידיסלאַווסקי, גשעוואַרסקי, סטראַוצינסקי און לאַבאַראָווסקי צו 3 (דריי) יאָהר תּפיסה; מאַלי העלפּאַנט — 2 יאָהר תּפיסה און לעשטש — 1 (איין) יאָהר.

אַלע פער'משפּט'ע ווערט אָראָבגערעכענט די צייט, וואָס זיי זענען געזעסען ביז'ן פּראָצעס.

א. ל.

## א גראַנדיעזע אַקאַדעמיע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם 20-יעהריגען יובל פונ'ם פּאַלעסטינא-ארבייטער-פאָנד איז זונטאָג דעם 9 פעברואַר אין אָווענד איז אין זאַהל „אָרפעאום" (מאַרק 6) פאָרגעקומען א גראַנדיעזע אַקאַדעמיע מיט דער בעטייליגונג פון ד"ר אריה טאַרטאַקאָווער פון לאָדז.

דעם פאָרזיץ האָט געפיהרט ה' בורשטין. ער עפענט די אַקאַדעמיע. דאַן בעקומט דאָס וואָרט דער חשיב'ער גאַסט ה' אריה טאַרטאַקאָווער, וועלכער האַלט א זעהר געלונגענעם רעפעראַט א. ד. ט. „די ארץ-ישראל'דיגע ארבייטערשאַפט רופט"! דער געלונגענער רעפעראַט ווערט אויפגענומען מיט לאַנגדויערנדע אַפּלאָדיסמענטען. דאַן ווערט אויסגעפיהרט דורך א געמישטען כאָר פון „השומר אין החלוץ" א רייה געזאַנג-נומערן, און אויך א רייה ארץ ישראל'דיגע ארבייטער-לידער. צום סוף ווערט די אַקאַדעמיע געשלאָסען מיט געזאַנג פון „התקוה".

א. ל.

## אינטערעסאַנטער ביגאַמיע-פּראָצעס אין קעלצער קרייז-געריכט.

(ס) די טעג וועט אין קעלצער קרייז-געריכט זיך אָנהויבען א פּראָצעס געגען א יודישען יונגערמאַן, וואָס איז בעקאַנט אין קעלץ, וועלכער ווערט בעשולדיגט אין ביגאַמיע (צוויי ווייבערייי).

דער בעשולדיגטער ל. האָט פאַר עטליכע יאָהר זיך גע'שמד'ט און חתונה געהאַט מיט א קריסטין. אינגיכען האָט ער די קריסטליכע פרוי פערלאָזט און מיט אנדערטהאַלבען יאָהר שפּעטער חתונה געהאַט מיט א יודיש מיידעל.

אויף דער בעשולדיגונג'ס באַנק וועט חוץ דעם בעשולדיגטען, אויך פאַרנעמען א אָרט דער גאַלאַנטשעוער רב, וועלכער ווערט בעשולדיגט אין געבען קידושין, און איינער פון די קעלצער מורי הוראות פאַר פערמיטלעריי.

(סוף פון זייט 6)

האָט ער צוגעגעבען, אז ער אליין האָט אמאָהל, שוין גאנץ לאַנג, געהערט אזא עהנליכע מעשה אין א צווייטע שטאָדט און עס דערצעהלט אַנדערע.

די וואָס גלויבען אין דער מעשה פערזיכערען אָבער, אַז די מעשה איז ווירקליך געשעהן, נאָר ר׳ משה בונם געדענקט נישט, אָבער ער האלט, אַז אזא זאַך דארף געהאלטען ווערען בסוד.

די זעלבע מענשען לערנען פשט אויף דער מעשה און ערקלערען, אַז נישט אנדערש, נאָר געוויס האָט דער חתן אָבגעלאָזט דעם שידוך און אזוי ווי מחותנים גרויס בושה איז די כלה געשטאָרבען, איז ארויס אַ פסק פון הי־מעל, אז אויך דער חתן זאָל שטאַרבען און ביידע זאָלען נאָכדעם לעבעדיג הערען אויף אַ מאָמענט, כדי דער חתן זאָל מקדש זיין די כלה, וועלכע איז געווען זיין רעכטער זיווג.

דערווייל האָט די שטאָדט פון וואָס צו רעדען.

## הערליך - מוזיקאַלישער קאָנצערט

היינטיגען זונטאַג ווערט אין טעאטער „ראָזמאָיטאָשטש״. פאַר׳ן אָבפאָהרען קיין אויסלאַנד, געגעבען ווערען א הער־ליכען באַלאַלייקא־קאָנצערט פון דער בערימטער רוסישער טרופע אויפ׳ן נאָמען וו. אַנדרעיעוו. דער פראָגראַם איז גענצליך אַ נייער, ס׳וועט אויך גע־וויזען ווערען אַ הערליכער רוסישער טאַנץ אויפגעפיהרט דורכ׳ן בעקאַנטען באַלעט־מייסטער פ. טיראַנאָוו.

אין פּראָגראַם געהען אַריין: רוסישע פאָלק׳ס־לידער, ציגיינער־ראָמאַנען, קאַוו־קאַזער לידער, ווי אויך לידער פון ווייטען מזרח און פערשידענע טענץ.

דער קאָנצערט האָט ארויסגערופען צווישען די טעאַטער און מוזיק־ליבהאָ־בער אַ גרויסען אינטערעס.

ס׳ווערט געזוכט פעהיגע פערטרע־טער אויף צו פערקויפען פּ ר ע מ י ע ס אויף ראַטעס. זיכערע עגזיסטענץ.
Gospodarczy Zakład Kredytowy Lwów Wałowa 11a
אינקאַסירט אויך איין וועקסעל־חובות.

צו די האָכצייט פון
ה׳ ראובן ווייגטרויב מיט פר״ל סאָלע פעלדמאַן
ווינשען מיר פיל גליק און צופרידענהייט.
פאמיליע חאַלאַנאָווסקי
ראַדאָם.

אַ הערצליכע מזל־טוב ווינשען מיר דעם ה׳ ראובן ווייגטרויב
צו זיין חתונה מיט פר״ל סאָלע פעלדמאַן
זאָל זייער נייער לעבענס וועג מיט בלומען צעצירט זיין
י. שניידער עט פרוי.
ראַדאָם.



# בעקאַנטמאַכונג.

מיטוואָך דעם 19־טן פעברואַר 1930 קומט פאָר אין קעלץ
## די ענטהילונג
## פון שניידער, היטלמאַכער און קירזשנער - פאָהן
3 אזייגער נ. מ. אין זאַהל „אָרפעאום" מאַרק 6
גלייכצייטיג 5 אזייגער נ. מ.
אין דעם זעלבען זאַהל קומט פאָר די ענטהילונג
## פון שיסטער, גאַרבער און רימער - פאָהן
אין די פייערונג האָט זיך בעטייליגען דער ה׳ דעפ. חיים ראַסנער — פאָרזיצענדער פון די עקזעקוטיווע פון צענט. איד. האַנדוו.־פערבאַנד אין דער פוילישער רעפובליק.
אַלע חברים פון די דערמאָנטע צעכען ווערען אויפגעפאָדערט פינקטליך אין די אָנגעוויזענע שעה׳ען צו בעטייליגען זיך אין די פייערונג.
מיט אכטונג
די צעך - פעראיינען.




Redaktor Ch. M. Hera    Drukarnia Wyd. „Radomer-Kielcer Lebcn" Radom, Szwarlikowska 20.